# מיר זינגען

## לידער=זאַמלונג פאַר כאָרן

אויסגאבע פון קולטור=געזעלשאפטלעכן פארבאנד
פון די יידן אין פוילן

# צו די לייענער

מיר גיבן איבער אין די הענט פון די יידישע פאָלקס־מענטשן, פריינד און ליבהאָבער פון דער יידישער מאסן־קולטור א זאַמלונג פון יידישע לידער, אין טעקסטן און נאָטן. די דאָזיקע זאמלונג נעמט ארום איבער 50 יידישע לידער פון פארשידנאַרטיקן כאראקטער — פאָלקס־ און ארבעטער־לידער, אלטע, היינטצייטיקע, ווי אויך פון געטאָ־רעפּערטואַר, אין זייער גרויסער מערהייט אַזעלכע, וואָס בילדן דעם „גאָלדענעם פאָנד" פון יידישן פאָלקלאָר.

די לידער, וואָס געפינען זיך אין דער דאָזיקער זאמלונג זענען געזונגען געוואָרן דורך די יידישע כאָרן פון לאַנד, וואָס האָבן געבילדעט א וויכטיקן באַשטאַנדטייל פון דער יידישער קינסטלערישער זעלבסטעטיקייט אין פוילן.

די יידישע קינסטלערישע זעלבסטעטיקייט אין פוילן איז אויפגעקומען אין די נייע היסטאָרישע באַדינגונגען פון פאָלקס־פוילן, ווי א פארהעלטנישמעסיק ברייטע באַוועגונג. אויף דער כוואַליע פון דער אלגעמיינער קולטור־רעוואָלוציע אין לאנד, געניסנדיק פון דער אקטיווער מאטעריעלער און מאָראלישער הילף פון דער פאָלקס־רעגירונג, האָבן די יידישע ארבעטער אָנגעהויבן צו אָרגאניזירן זייער שעפעריש יידיש קולטור־לעבן, פאנאנדערבויענדיק די קינסטלערישע זעלבסטעטיקייט אויף נייע, סאָציאליסטישע יסודות, אנטוויקלענדיק און איידעלן קעגנזייטיקן פארמעסט, ארויסבאקומענדיק און אנטוויקלענדיק די טאלאנטן און פעיקייטן פון יידישע פאָלקס־מענטשן, יונגע און אלטע פון פארשידענע שיכטן פון דער יידישער געזעלשאפט.

אין די ערשטע נאָכמלחמה־יאָרן האָט די אמאַטאָרישע באַוועגונג צווישן די יידישע ארבעטער נאָך נישט אָנגענומען קיין מאסן־פארנעם. דאָ און דאָרטן האָבן זיך סטיכיש געשאפן אמאטאָרישע קרייזן, וואָס האָבן נאָך נישט געהאט קיין אנטשפּרעכנדיקע אנפירונג, קיין פלאן פון טעטיקייט, קיין קלאָרע פערספעקטיוו אויף דער צוקונפט.

אין די יאָרן 1949 — 1950 איז פאָרגעקומען אן איבערברוך, די אמאטאָרישע באַוועגונג איז געוואָרן א מאַסעווע, דערגרייכנדיק צו די ווייטסטע ווינקעלעך פון לאנד. ארבעטער, האנטווערקער, פרויען און יוגנט, ארבעטנדיקע אינטעליגענץ, מענטשן פון פארשידענע שיכטן און סאמע פארשידנארטיקע פאכן און באשעפטיקונגען האָבן זיך גענומען זאמלען אין די קינסטלערישע קרייזן, זוכנדיק א וועג צו אקטיווער שעפערישער מיטבאטייליקונג אינעם קולטורעלן און קינסטלערישן לעבן, וואָס האָט זיך ראשיק אַנטוויקלט אינעם לאַנד פון בויענדיקן זיך סאָציאליזם.

אויפן לאנד־קאָנגרעס פון דער יידישער קולטור־געזעלשאפט אין אָקטאָבער 1949 אין וורא‌צלאוו איז פאָרגעקומען דער ערשטער עפנטלעכער דורכקוק פון די אמאטאָרישע קרייזן, וואָס זענען געווען אָרגאניזירט ביי דער קולטור־געזעלשאפט. עס זענען דעמלט אויפגעטראָטן 10 קינסטלערישע קרייזן — כאָרן, דראמאַטישע סעקציעס און טאַנץ־קאָלעקטיוון — מיטן אָנטייל פון עטלעכע הונדערט פערזאָן.

אין 1950 יאָר איז פאָרגעקומען א ווייטערדיקער וווקס פון דער יידישער אַמאַטאָרישער באַוועגונג. עס זענען אַנטשטאַנען נייע דראמאטישע קרייזן און כאָרן, טאַנץ־קאָלעקטיוון און אָרקעסטערס אין נידערשלעזיע און אויבערשלעזיע, לאָדזש, שטשעטשין און קראָקע, ביי די אָפּטיילונגען פון קולטורגעזעלשאפטלעכן פארבאנד

פון די יידן אין פוילן. מען האָט אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן א לאנגכוואַליעדיקע שולונג פון פאכמענישע קאדרען. עס איז געשאפן געוואָרן א צענטראלע פאַרלאגס־קאָמיסיע ארויסצוגעבן רעפערטואר פאר די קרייזן. אין 1951 יאָר האָבן די אַמאַטאָרישע קרייזן ארומגענומען אַרום 800 אַקטיווע אָנטיילנעמער. עס האָבן עקזיסטירט איבער 20 קרייזן, וואָס האָבן גרופירט אַן ארבעטער־ און יוגנט־עלעמענט. די אונטערנעמונגען, וואָס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן דורך די אַמאַטאָרישע קרייזן, האָבן געהאט א גרויסן דערפאָלג צווישן דער באפעלקערונג, וואָס האָט זיך הארציק באצויגן צו דער אמאַטאָרישער באַוועגונג. אין 1951 יאָר זענען פאָרגעקומען ארום 250 אונטערנעמונגען פון די קינסטלערישע קרייזן, מיט א פרעקווענץ פון קרוב 60.000 פערזאָן. צום סוף פון יאָר איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַן אימפּאָנירנדיקער פעסטיוואל פון די בעסטע קרייזן, וועלכער האָט באוויזן ערנסטע אידעישע און קינסטלערישע דערגרייכונגען. ,

דער רעפערטואר פון די קרייזן אויפן פעסטיוואל האָט ארומגענומען א ריי קלאַסישע פּאָזיציעס פון דער אָריגינעלער יידישער ליטעראטור און איבערזעצונגען פון דער סאָוויעטישער און פוילישער דראַמאַטורגיע. צווישן אנדערע האָבן די דראַמאַטישע קרייזן אויפגעפירט אייניקע אינסצעניזאציעס פון פרצעס: „באַנטשע שווייג“, „אין פאליש אויף דער קייט“, „שוועסטער“; שלום־עליכמס „מענטשן“, אַ פיעסע פון יידיש־סאָוויעטישן שרייבער גאדינער „אַ פשוטע זאך“, „מאָטקע“ און פיל אנדערע. די כאָרן האָבן געזונגען לידער אין דער יידישער, פוילישער און רוסישער שפראך. רייך האָט זיך פרעזענטירט דער יידישער פאָלקלאָר, מיט פיעטיזם אויפגעפירט דורך די יידישע כאָרן. די זשורי פון פעסטיוואל מיטן אָנטייל פון די פאָרשטייער פון מיניסטעריום פאַר קולטור און קונסט האָט הויך אָפּגעשאַצט די דערגרייכונגען פון פיל קרייזן, אָנערקענענדיק פרעמיעס און אויסצייכענונגען פאַר גאַנצע קרייזן, ווי אויך פאַר באַזונדערע אַקטיוויסטן, די בעסטע אויספירער פון ראָלן. די גאנצע פוילישע פרעסע פון וורא‍צלאוו, ווי ס׳איז פאָרגעקומען דער פעסטיוואל, האָט געווידמעט אַרטיקלען און רעצענזיעס דעם פעסטיוואל, אונטערשטרייכנדיק די הויכע אידעישע און קינסטלערישע וואַלאָרן, וועלכע עס האָבן דעמאָנסטרירט פאַרשידענע קרייזן.

אין 1952 יאָר האָט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט און באַפעסטיקט די אַמאַטאָרישע באַוועגונג ביי די אָפּטיילונגען פון קולטור־געזעלשאפטלעכן פארבאנד פון די יידן אין פוילן. דאָס האָט זיך אויסגעדריקט אינעם סטאַביליזירן פון די קרייזן, וועלכע זענען אַריבער צו אַ סיסטעמאַטישער טעטיקייט, אינעם ווייטערדיקן וווקס פון דער צאָל אָנטיילנעמער און מיטגלידער פון די קרייזן אין כמעט אַלע שטעט און שטעטלעך פון לאַנד, אינעם כסדרדיקן העכערן דעם אידעישן און קינסטלערישן ניוואָ פון די קרייזן, באַרייכערן זיי מיט נייע פאָרמען פון דער ארבעט, פאַרטיפערן צווישן זיי די דערציערישע טעטיקייט. די צאָל קרייזן איז אויסגעוואַקסן צו איבער 30, די צאָל אָנטיילנעמער פון די קרייזן צו איבער 1.000 פערזאָן. עס האָבן זיך ארויסגערוקט אין פאָדערגרונט: דער כאָר אין לאָדזש מיט איבער 60 פערזאָן; דער כאָר פון שווידניץ, אין נידערשלעזיע; דער דראַמאַטישער קרייז אין שטשעטשין, וואָס האָט געאַרבעט אונטער דער אָנפירונג פון א רעזשי־קאָלעגיע און אַרויסגעוויזן אַ הויכן קינסטלערישן קלאַס, באַקומענדיק אויף עטלעכע פעסטיוואלן פרעמיעס; די טאַנץ־שול אין וורא‍צלאוו אונטער דער אָנפירונג פון סילוויא סווען, וואָס האָט ארומגענומען 80 פערזאָן; דער מאַנדאָלין־אָרקעסטער אין וורא‍צלאוו מיט איבער 100 פערזאָן און פיל אַנדערע.

אין פיל שטעט און שטעטלעך האָבן אונדזערע קרייזן אָפּגעשפילט א וויכטיקע ראָל אין דער אַקציע פון באַפרידיקן די קולטור־באַדערפענישן פון דער גאַנצער באַפעלקערונג פון שטאָט — דער פוילישער און יידישער — אויסוואַקסנדיק צו וויכטיקע קולטור־פּאָזיציעס אינעם אַלגעמיינעם מלוכה־מאַסשטאַב מען דאַרף אונטערשטרייכן די האַרציקע באַציונג פון פוילישע אַרבעטער און דאָרפישער באַפעלקערונג צו די יידישע קינסטלערישע קרייזן. אַ גרויסן דערפאָלג האָבן דערגרייכט אונדזערע כאָרן, ארויסטרעטנדיק מיט יידישע לידער אויפן ריזיקן מיטינג אין וורא‍צלאוו מיטן אָנטייל פון 10.000 אַרבעטער.

צום אָנהייב פון 1953 יאָר איז פאָרגעקומען אין וראָצלאוו דער 2־טער לאנדפעסטיוואל פון אונדזערע קרייזן. דער פעסטיוואל האָט ארומגענומען עטלעכע און צוואנציק קרייזן און 800 אָנטיילנעמער. די דראַמאַטישע קרייזן האָבן אויפגעפירט אַ ריי פיעסן פון דער יידישער קלאַסיק. דער לאָדזשער קרייז — "סערקעלע" עטינגערס, דער שטשעטשינער קרייז — „מסעות בנימין השלישי" פון מענדעלע מוכר־ספרים, דער שווידניצער קרייז — „טוביה דער מילכיקער". זייער שיין איז אויפגעפירט געוואָרן פאדייעווס „יונגע גווארדיע" און „וויוגע" פון קושניראָוון. די יידישע כאָרן זענען אויפגעטראָטן מיט אַ קאָמפּליצירטן רעפערטואר, זינגענדיק צווישן אנדערע שאָסטאַקאָוויטשעס קאַנטאַטע „דאָס געזאנג פון די וועלדער". איבער 10 קרייזן זענען געוואָרן פרעמירט. אין 1953 יאָר זענען געשאַפן געוואָרן קינסטלערישע קרייזן אין אַ ריי קלענערע שטעטלעך, ווי: זשאַרי, זשעמביץ, סאָסנאָוויעץ, ביעלסקאָ, טאַרנאָוו, טשענסטאָכאָוו און אַנדערע. אַ טעטיקן אָנטייל האָבן גענומען אונדזערע קרייזן אין די פייערונגען צום 10־טן יאָרטאָג פון אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. אויף דער צענטראַלער אַקאַדעמיע אין וואַרשע איז אויפגעטראָטן אַ 100־פּערזאָניקער כאָר, דערוועקנדיק אַלגעמיינע אָנערקענונג.

אין 1957 יאַר, אין שייכות מיט אַ באַדייטנדיקער פאַרקלענערונג פונעם יידישן ישוב אין פוילן, איז אויך אָפּגעשוואַכט און פאַרקלענערט געוואָרן די יידישע קינסטלערישע זעלבסטעטיקייט און פוילן. די לעצטע חדשים מערקט זיך אָבער אַ ווייטערדיקע אויפלעבונג און אויפשוונג. דראַמאַטישע קרייזן און כאָרן זענען צוריק אויפגעשטעלט געוואָרן אין נידערשלעזיע און אין אויבערשלעזיע, אין לאָדזש און שטשעטשין און אויך אין נייע יידישע ישובים אין פאַרשידענע פונקטן פון לאַנד. הגם די דאָזיקע קרייזן זענען קלענערע לויטן באַשטאַנד פון די אָנטיילנעמער, אין פאַרגלייך מיט די פריער עקזיסטירנדיקע, ווייזן זיי דאָך ארויס אַ סך לעבנס־פעיקייט, אַמביציע און אויפריכטיקן ווילן צו פלעגן און אנטוויקלען דאָס געלייטערטע יידישע וואָרט.

טאַקע פאר זיי, אין דער ערשטער ריי, איז באַשטימט די לידער־זאמלונג. פאר די איבערגעגעבענע ליבהאָבער פון יידישן וואָרט און יידישן ליד, וועלכע קארגן נישט קיין מי, ענערגיע און צייט, בכדי צו אנטוויקלען די קולטור־שעפערישקייט פון די יידן, אָבער זיכער וועט אויך די דאָזיקע לידער־זאמלונג העלפן באַרייכערן און פארשענערן דאָס טאָג־טעגלעך לעבן פון **אלע** יידן, בירגער פון נייעם פוילן, בויער פון סאָציאליזם, און גלייכצייטיק הייסע פארערער פון דער יידישער פּראָגרעסיווער קולטור.

## זאָג נישט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג

פּאַרטיזאַנער־ליד — באַאַרבעט: ש. בערעזאָווסקי

זאָג נישט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג,
הימלען בלייענע פאַרשטעלן בלויע טעג.
קומען וועט נאָך אונדזער אויסגעבענקטע שעה,
ס'וועט אַ פּויק טאָן אונדזער טראָט, מיר זענען דאָ.

פון גרינעם פּאַלמען־לאַנד ביז ווייטן לאַנד פון שניי
מיר קומען אָן מיט אונדזער פּיין, מיט אונדזער וויי.
וווּ געפאַלן איז אַ שפּריץ פון אונדזער בלוט,
שפּראָצן וועט דאָרט אונדזער גבורה, אונדזער מוט.

ס'וועט די מאָרגנזון באַגילדן אונדזער היינט
און דער נעכטן וועט פאַרשווינדן מיטן פיינט.
אויב פאַרזאַמען וועט די זון אין דער קאַיאָר,
ווי אַ פּאַראָל זאָל זיין דאָס ליד פון דור צו דור.

ס'ליד געשריבן איז מיט בלוט און נישט מיט בליי,
ס'איז נישט קיין לידל פון אַ פויגל אויף דער פריי.
ס'האָט אַ פאָלק צווישן פאַלנדיקע ווענט
ס'ליד געזונגען מיט נאַגאַנעס אין די הענט.

טאָ זאָג נישט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג,
הימלען בלייענע פאַרשטעלן בלויע טעג.
קומען וועט נאָך אונדזער אויסגעבענקטע שעה,
ס'וועט אַ פּויק טאָן אונדזער טראָט, מיר זענען דאָ

## ס׳ ב ר ע נ ט

טעקסט און מוזיק: מ. געבירטיק — באַאַרבעט: ש. בערעזאָווסקי

ס'ברענט, ברידערלעך, ס'ברענט,
ס'ברענט, ברידערלעך, ס'ברענט,
ס'ברענט, ס'ברענט, ס'ברענט!
ס'ברענט, ברידערלעך, ס'ברענט.
אוי, אונדזער אָרעם שטעטל, נעבעך, ברענט,
בייזע ווינטן מיט ירגזון
רייסן, ברעכן און צעבלאָזן
שטאַרקער נאָך די ווילדע פלאַמען,
אַלץ אַרום, שוין ברענט —
און איר שטייט און קוקט אַזוי זיך, מיט פאַרלייגטע הענט
און איר שטייט און קוקט אַזוי זיך, אונדזער שטעטל ברענט.

כ׳ברענט, ברידערלעך, ס׳ברענט,
אוי, אונדזער אָרעם שטעטל, נעבעך, ברענט,
כ׳האָבן שוין די פייער־צונגען
ס׳גאנצע שטעטל איינגעשלונגען,
און די בייזע ווינטן הודזשען,
כ׳גאַנצע שטעטל ברענט,
און איר שטייט און קוקט אזוי זיך, מיט פארלייגטע הענט,
און איר שטייט און קוקט אזוי זיך, אונדזער שטעטל ברענט.

ברידערלעך, ס׳ברענט,
די הילף איז נאָר אין אייך אליין געווענדט.
אויב דאָס שטעטל איז אייך טייער,
נעמט די כלים, לעשט דאָס פייער,
לעשט מיט אייער אייגן בלוט,
באַווייזט, אַז איר דאָס קענט.
ס׳ברענט, ברידערלעך, ס׳ברענט,
ס׳ברענט, ס׳ברענט, ס׳ברענט!

## אַזאַ איז געווען זייער חלום

טעקסט: ד. ספאַרד מוזיק: ש. בערעזאָווסקי

די טאַטעס, די מאַמעס, די ברידער,
זיי זענען פאַר פוילן געפאַלן.
מיר רופן צום לעבן זיי ווידער,
מיר בויען דאָס פוילן פאר אלע.

אַזאַ איז געווען זייער חלום
ביז לעצטער מינוט פון צעשיידן,
אין פריינדשאפט צוזאמען אין שלום
צו בויען אַ היימלאנד פאר יעדן.

מיר בויען דאָס היימלאַנד צוזאמען
און אונדזערס איז אליץ, וואָס מיר בויען.
ווער קאָן אונדז דעם וועג איצט פארצאמען,
מיר האָבן אויך זייער פארטרויען.

די איינהייט פון פאָלק זייער פאָן איז,
זיי האָבן מיט העלדישע טאַטן
געהיט זי דורך אַלע סכנות,
מיר האָבן די פאָן נישט פאַראַטן.

די שטעט און די דערפער מיר בינדן
מיט נאָענטע און הארציקע וועגן,
עס זאָל מער קיין שנאה נישט צינדן
איין ברודער דעם צווייטן אַנטקעגן.

מיר האָבן געמיינזאם אין ליידן
פאַר אַרבעט, פאַר ברויט זיך געשלאָגן.
אויך איצטער געמיינזאם אין פריידן
דאָס גאנצענע לאנד מיר פארמאָגן.

אַזאַ איז געווען זייער חלום
ביז לעצטער מינוט פון צעשיידן,
אין פריינדשאפט צוזאמען אין שלום
צו בויען אַ היימלאנד פאר יעדן.
די טאַטעס, די מאַמעס, די ברידער
זיי זענען פאַר פוילן געפאַלן.

## אונדזער אַרמיי

טעקסט: בינעם העלער — מוזיק: ש. בערעזאָווסקי

געלעגן איז פוילן פאַרוויסט און צעבראָכן
פון שונא דעם אָקופּאַנט,
האָט מאָסקווע געוויזן דעם וועג צום נצחון,
געגעבן געווער אונדז אין האנט.

אין פייער געצוואָגענע, דורך שטורעם געטראָגענע,
פון לענינאָ ביז צו בערלין.
דאָס איז די באַפרייערין, די אייגענע, טייערע
ארמיי פון די פוילישע זין.

מיר האָבן געקעמפט, ווי מען האָט אונדז באַפוילן,
אזוי ווי מען האָט אונדז געטרויט.
אַ פריי סאָציאליסטיש גערעכטיקייט־פוילן
זאָל ווערן אויף חורבות געבויט.

אין פייער געצוואָגענע, דורך שטורעם געטראָגענע,
פון לענינאָ ביז צו בערלין.
דאָס איז די באַפרייערין, די אייגענע, טייערע
ארמיי פון די פוילישע זין.

און ווען פון דעם מערב עס דראָען אונדז ווידער
די מערדער פון נעכטן און היינט,
איז גרייט אַן אַרמיי פון די בויער און ברידער
פארטיליקן ווידער דעם פיינט.

אין פייער געצוואָגענע, דורך שטורעם געטראָגענע,
פון לענינאָ ביז צו בערלין.
דאָס איז די באַפרייערין, די אייגענע, טייערע
ארמיי פון די פוילישע זין.

# צ ע ן  י אָ ר

טעקסט: ב. העלער                                                    מוזיק: ש. בערעזאָווסקי

אין אַרבעט אַנטלויפֿן די טעג און די וואָכן,
נאָך זיי בלייבט אונדז איבער די פֿרייד און די זעט.
אין יאָר, דעם צענטן פֿון אונדזער נצחון
קלינגט העכער דאָס ליד איבער דערפֿער און שטעט.

עס רוישן די שנעלע מאָטאָרן,
אין הוטעס די קראַפֿט ווערט געשמידט.
דער רום פֿון פֿאַרגאַנגענע יאָרן
האָט אַצינד אויף דער וואָר זיך צעבליט;
דער רום פֿון פֿארגאנגענע יאָרן
האָט אַצינד אויף דער וואָר זיך צעבליט.

די העלדן, וואָס זענען געגאַנגען אין פֿייער
פֿאַר פֿרייהייט פֿון לאַנד און פֿאַר מענטשלעך גליק,
זיי האָבן געקעמפֿט פֿאר דער ליכטיקער, פֿרייער,
דער איצטיקער פּוילישער פֿאָלקס־רעפּובליק.

עס רוישן די שנעלע מאָטאָרן,
אין הוטעס די קראַפֿט ווערט געשמידט.
דער רום פֿון פֿארגאנגענע יאָרן
האָט אַצינד אויף דער וואָר זיך צעבליט;
דער רום פֿון פֿאַרגאַנגענע יאָרן
האָט אַצינד אויף דער וואָר זיך צעבליט.

מיר האָבן געבויט דאָ זינט הונדערטער יאָרן,
מיר האָבן געבויט און דער פֿיינט האָט צעשטערט.
איצט זענען מיר גליקלעכע בירגער געוואָרן,
אַ ייִדישע היים איז די פּוילישע ערד.

עס רוישן די שנעלע מאָטאָרן,
אין הוטעס די קראַפֿט ווערט געשמידט.
דער רום פֿון פֿאַרגאַנגענע יאָרן
האָט אַצינד אויף דער וואָר זיך צעבליט;
דער רום פֿון פֿארגאנגענע יאָרן
האָט אַצינד אויף דער וואָר זיך צעבליט.

# ב ר יי נ ע

פֿאָלקס־ליד                                                    באַאַרבעט: י. ק. לאפּאַצקי

אַ גוטער נ'אָוונט בריינע,
די בעסטע שכנה מיינע,
דאָס האַרץ ווערט אין מיר פֿאַרברענט,
זינט איך האָב דעם מערדער דערקענט.

פּיעטרישקע האָב איך פאַרגעסן קויפן,
פלייש האָט מיר מיין מאַמעלע געקויפט,
די יויך וועט דאָרט אויסלויפן —
טאָ האָט זשע מיר א גוטינקע נאכט.

נעכטן האָט ער מיך געשלאָגן,
גרוין און בלוי האָט ער מיך געמאַכט,
ס'איז אַפילו אַ בזיון אויסצוזאָגן —
טאָ האָט זשע מיר א גוטינקע נאכט.

כ'וואָלט זיך מיט אים אַוודאי גטן,
דאָס קינד וואָלט אים איבערגעלאָזט,
בין איך אָבער שרעקלעך עלנט,
כאָטש גיי און לייג זיך אין גאַס.

אוי וויי, בריינע,
די בעסטע שכנה מיינע,
דאָס האַרץ ווערט אין מיר פארברענט,
זינט איך האָב דעם מערדער דערקענט.

## אַ זמירל

פאָלקס־ליד

לאָמיר זשע זשע זינגען, לאָמיר זשע זשע זינגען
אַ זמירל, אַ זמירל,
לחם לאכול בשר ודגים
וכל מטעמים.

זאָג זשע מיר, טאַטעניו, וואָס איז לחם
ביי די גרויסע גבירים איז לחם א בולקע!
און ביי אונדז אָרעמע קבצנים
איז לחם אַ דאַרע סקאַרינקע.

אויב אזוי איז...
לאָמיר זשע זשע זינגען, לאָמיר זשע זשע זינגען
אַ זמירל, אַ זמירל,
לחם לאכול בשר ודגים
וכל מטעמים.

זאָג זשע מיר טאַטעניו, וואָס איז בשר?
ביי די גרויסע גבירים איז בשר אַ אינדיק!
און ביי אונדז, אָרעמע קבצנים,
איז בשר אַ דאַרע קישקע.

אויב אַזוי איז...
לאָמיר זשע זשע זינגען, לאָמיר זשע זשע זינגען
אַ זמירל, אַ זמירל,
לחם לאכול בשר ודגים
וכל מטעמים.

וּאָג זשע מיר טאַטעניו, וואָס איז מטעמים?
ביי די גרויסע גבירים איז מטעמים קאָמפּאָט!
און ביי אונדז, אָרעמע קבצנים,
איז מטעמים געהאַקטע צרות.

אוּיב אזוי איז...
לאָמיר זשע זשע זינגען, לאָמיר זשע זשע זינגען
אַ זמרל, אַ זמרל,
לחם לאכול בשר ודגים
וכל מטעמים.

## מ א מ ע נ י ו, ל י ו ב ע נ י ו

פאָלקס־ליד

מאַמעניו, ליובעניו, קרוינעלע, האַרצעלע,
שווייג שוין א ווײַלינקע שטיל,
שווייג שוין א ווײַלינקע שטיל,
אוי, לעש אין מיר מיין העלישן
פייער און גיב מיר שוין וועמען איך וויל;
אוי, לעש אין מיר מיין העלישן
פייער און גיב מיר שוין וועמען איך וויל.

איך האָב זיך איינגעליבט אין אַ שיין יינגעלע —
שיין ווי אַ רענדל גאָלד,
שיין ווי אַ רענדל גאָלד,
אוי, מאמעניו, איך האָב זיך אין אים פאַרליבט
און אים האָב איך טאַקע געוואָלט;
אוי, מאמעניו, איך האָב זיך אין אים פאַרליבט
און אים האָב איך טאַקע געוואָלט;

כ׳וויל ניט קיין צירונג, און דאַרף קיין בריליאַנטן,
כ׳וויל ניט קיין שיינעם גאַנג,
כ׳וויל ניט קיין שיינעם גאַנג,
אוי, גיב מיר נאָר מאמעניו ס׳יינגעלע וועלכן כ׳ליב
און דעם וואָס איך וויל שוין פון לאַנג;
אוי, גיב מיר נאָר מאמעניו ס׳יינגעלע וועלכן כ׳ליב
און דעם וואָס איך וויל שוין פון לאַנג.

## יאַשקע פאָרט אַוועק

פאָלקסליד — באַאַרבעט: ש. בערעזאָווסקי

קויף מיר נישט קיין לאָקענעס
און מאַך מיך נישט שיין.
קויף דיר א פּאָר שטיוועלעך —
די פּאַרפֿט צום פּריזיוו גיין.
יאַשקע, יאַשקע, אוי וויי
יאַשקע פאָרט אַוועק,
נאָך א שעה און נאָך א שעה,
דער פּאָיעזד גייט אַוועק.

קלאָג זשע נישט און וויין זשע נישט,
ס'איז אַלצדינג אוי, בלאָטע.
איך וועל זיין אין סאָלדאַטן
דער שענסטער אין דער ראָטע.
אוי, אוי, אוי וויי,
יאַשקע פאָרט אַוועק,
נאָך א קוש און נאָך א קוש,
דער פּאָיעזד גייט אַוועק.

דרויסן איז א זאַווערוכע,
דרויסן איז אַ שניי.
אוי, מאַמע, אוי וויי, מאַמע,
ס'קעפּעלע טוט וויי.
אוי, אוי, אוי וויי,
יאַשקע פאָרט אַוועק,
נאָך א קוש און נאָך א קוש,
דער פּאָיעזד גייט אַוועק.

## בין איך מיר אַ שניידערל

פאָלקסליד

בין איך מיר אַ שניידערל,
לעב איך מיר טאָג אויס, טאָג איין
לוסטיק, פריילעך, פיין.
זאָג מיר, שניידער, ליבינקער און גוטער,
גיט דיר נאָדל גענוג אויף ברויט און פּוטער?
איך מאַך א וואָך צוויי גילדן מיט א דרייער,
איך עס נאָר ברויט, ווייל פּוטער איז דאָך טייער.

בין איך מיר א שוסטערל,
לעב איך מיר טאָג אויס, טאָג איין
לוסטיק, פריילעך, פיין.
זאָג מיר, שוסטער, האָסטו וואָס צו קייען,
פעלט דיר אויסעס, קריגסטו ווו צו לייען?
אוי, קיינער לייט נישט, קיינער גיט קיין אַרבעט,
בין איך אַ שוסטער, גיי איך טאַקע באָרוועס.

# אויף דעם בוידעם שלאָפט דער דאַך

פאָלקס־ליד

אויף דעם בוידעם שלאָפט דער דאַך,
צוגעדעקט מיט שינדעלעך
און אין וויגל ליגט אַ קינד,
נאַקעט גאָר אָן ווינדעלעך.
האָפּ, האָפּ, אָט אזוי,
עסט די ציג פון דאַך דעם שטרוי,
האָפּ, האָפּ, אָט אזוי.

אוויפן בוידעם שטייט א וויג,
וויגט זיך דאָרט אַ שפּין אין איר.
ציט ער פון נייר דאָס חיות אויס
און דעם דלות לאָזט ער מיר.
האָפּ, האָפּ, אָט אַזוי א.אז.וו.

אויפן בוידעם שטייט אַ האָן
און זיין קאָם איז פייער־רויט.
זאָל מיין ווייב ערגעץ באַרגן
פאר די קינדער אַ שטיקל ברויט.
האָפּ, האָפּ, אָט אַזוי א.אז.וו.

# די גאָלדענע פּאַווע

פאָלקס־ליד

עס קומט צו פליען די גאָלדענע פּאַווע
פון אַ פרעמדן לאנד, פון אַ פרעמדן לאנד.
האָט זי פאַרלוירן דעם גאָלדענעם פעדער
מיט אַ גרויסן שאַנד;
האָט זי פארלוירן דעם גאָלדענעם פעדער
מיט אַ גרויסן שאנד.

ס'איז נישט אזוי דער גילדענער פעדער,
ווי די פּאווע אליין, ווי די פּאווע אליין,
עס איז נישט אזוי דער איידעם,
ווי די טאָכטער אליין;
עס איז נישט אזוי דער איידעם,
ווי די טאָכטער אליין.

ווי עס איז ביטער, מיין ליבע מוטער,
א פייגעלע אויף דעם ים, א פייגעלע אויף דעם ים,
אזוי איז ביטער, מיין ליבע מוטער,
ביי אַ שלעכטן מאַן;
אזוי איז ביטער, מיין ליבע מוטער,
ביי א שלעכטן מאַן.

ווי עס איז ביטער, מײַן ליבע מוטער,
אַ פֿייגעלע אָן אַ נעסט, אַ פֿייגעלע אָן אַ נעסט,
אַזוי איז ביטער, מײַן ליבע מוטער,
שווער און שווערער קעסט;
אַזוי איז ביטער, מײַן ליבע מוטער,
שווער און שווערערס קעסט.

## בײַ אַ טײַכל

פֿאָלקס־ליד

בײַ אַ טײַכעלע וואַקסט אַ ביימעלע,
וואַקסן אויף איר צוויי צווייגן,
מיט אַלעמען רעדסטו, מיט אַלעמען ביסטו פֿרײַנדלעך
נאָר מיר הייסטו שווײַגן;
מיט אַלעמען רעדסטו, מיט אַלעמען ביסטו פֿרײַנדלעך,
נאָר מיר הייסטו שווײַגן.

בײַ אַ טײַכעלע וואַקסט אַ ביימעלע,
וואַקסן אויף איר בלומען,
אוי, פֿרעג איך דיר, ליבסטער, ווען וועסטו שוין קומען
ווען וועסטו שוין קומען;
אוי, פֿרעג איך דיר, ליבסטער, ווען וועסטו שוין קומען
ווען וועסטו שוין קומען.

בײַ אַ טײַכעלע וואַקסט אַ ביימעלע,
וואַקסן אויף איר בלעטער,
אוי, פֿרעג איך דיר, ליבסטער, ווען וועסטו שוין קומען,
לײַגסטו אַליין אָפּ אויף שפּעטער;
אוי, פֿרעג איך דיר, ליבסטער, ווען וועסטו שוין קומען,
לײַגסטו אַליין אָפּ אויף שפּעטער.

## נײַן, מאַמע

פֿאָלקס־ליד

הער מיך אויס, מײַן ליב קינד,
כ'וועל דיר עפּעס זאָגן:
כ'וועל דיר געבן אַ שנײַדער־יינג,
זאָלסטו מיט אים חתונה האָבן.
נײַן, נײַן, מאַמע־מוטער,
אַ שנײַדער־יינג איז זייער ביטער;
נײַן, נײַן, מאַמע־מוטער,
אַ שנײַדער־יינג איז זייער ביטער;

אָ שנײַדער־ייִנג נײט מיט דער נאָדל
און שלאָגט דאָס װײַב בכבוד גדול.
ניין, מאַמע, ניין, מוטער,
א שנײַדער־ייִנג איז זייער ביטער.

הער מיך אויס, מײַן ליב קינד,
כ׳װעל דיר עפּעס זאָגן:
כ׳װעל דיר געבן א שוסטער־ייִנג,
זאָלסט מיט אים חתונה האָבן.
ניין, ניין, מאַמע־מוטער,
אַ שוסטער־ייִנג איז זייער ביטער;
ניין, ניין, מאַמע־מוטער,
אַ שוסטער־ייִנג איז זייער ביטער;
ער ציט די דראַטווע מיט די צײן
און קוקט אויף מײדלעך מלא־חן.
ניין, מאַמע, ניין, מוטער,
אַ שוסטער־ייִנג איז זייער ביטער.

הער מיך אויס, מײַן ליב קינד,
כ׳װעל דיר עפּעס זאָגן:
כ׳װעל דיר געבן אַ סטאָליער־ייִנג,
זאַלסט מיט אים חתונה האָבן.
ניין, ניין, מאַמע־מוטער,
אַ סטאָליער־ייִנג איז זייער ביטער;
ניין, ניין, מאַמע־מוטער,
אַ סטאָליער־ייִנג איז זייער ביטער;
א סטאָליער־ייִנג מאַכט אַ בעט,
גײט צו דער חופּה מיט אַ גט.
ניין, מאַמע, ניין, מוטער,
אַ סטאָליער־ייִנג איז זייער ביטער.

## אַ ליד פון אַ פײגעלע

פאָלקס־ליד באַאַרבעט: י. ק. לאַסאָצקי

איך גײ ארויס אויפן גאַניקל
דאָס שטעטעלע באַקוקן;
איך גײ ארויס אויפן גאַניקל
דאַס שטעטעלע באַקוקן,
קומט צו פליען אַ קליין פײגעלע
און טוט זיך צו מיר בוקן;
קומט צופליען א קליינע פײגעלע
און טוט זיך צו מיר בוקן.

נישט אזוי דאָס קליינע פײגעלע,
ווי איר שײנער פליען;
נישט אזוי דאָס קליינע פײגעלע,
ווי איר שײנער פליען.
זי וואַרפט ארויס מיר אַ קליין בריוועלע,
איך טו עס גלייך באַקוקן;
זי וואַרפט ארויס מ׳יר אַ קליין בריוועלע,
איך טו עס גלייך באַקוקן;

כ׳לייען איבער ס׳ערשטע שורהלע —
דער געליבטער איז פארדארבן;
כ׳לייען איבער ס׳צווייטע שורהלע —
דער געליבטער איז געשטארבן.
קלייבט צונויף אלע מיינע חברטעס,
אלעמען אינאיינעם,
ווער ס׳האט נאר א ליבע געפירט,
זאל מיר העלפן וויינען.

## ווען דו וואלסט געווען דער בורא-עולם

פאלקס־ליד

באארבעט: ש. בערעזאוופסקי

ווען דו וואלסט געווען דער בורא־עולם, וואס וואלסטו געמאכט,
ווען דו וואלסט געווען דער בורא־עולם, וואס וואלסטו געמאכט?
כ׳וואלט געמאכט און געמאכט, ער וואלט געמאכט און געמאכט.
כ׳וואלט געמאכט א טשאלנט, ער זאל אין אויוון ניט אריין —
דאס וואלט ער געמאכט. אפיקורסים און מתנגדים
וואלט איך א קרענק געגעבן, נאר די חסידימלעך.
הלוואי, הלוואי, הלוואי וואלט עס אמת געווען!
הלוואי, הלוואי, הלוואי וואלט עס אמת געווען!

ווען דו וואלסט געווען דער בורא־עולם, וואס וואלסטו געמאכט,
ווען דו וואלסט געווען דער בורא־עולם, וואס וואלסטו געמאכט?
כ׳וואלט געמאכט און געמאכט, ער וואלט געמאכט און געמאכט.
כ׳וואלט געמאכט א קוגל, ער זאל אין טשאלנט ניט אריין —
דאס וואלט ער געמאכט. אפיקורסים און מתנגדים
וואלט איך א קרענק געגעבן, נאר די חסידימלעך.
הלוואי, הלוואי, הלוואי וואלט עס אמת געווען!
הלוואי, הלוואי, הלוואי וואלט עס אמת געווען!

ווען דו וואלסט געווען דער בורא־עולם, וואס וואלסטו געמאכט,
ווען דו וואלסט געווען דער בורא־עולם, וואס וואלסטו געמאכט?
כ׳וואלט געמאכט און געמאכט, ער וואלט געמאכט און געמאכט.
כ׳וואלט געמאכט א בית־עולם, ער זאל אין פארקן ניט אריינגיין —
דאס וואלט ער געמאכט. אפיקורסים און מתנגדים
וואלט איך א קרענק געגעבן, נאר די חסידימלעך.
הלוואי, הלוואי, הלוואי וואלט עס אמת געווען!
הלוואי, הלוואי, הלוואי וואלט עס אמת געווען. הלוואי!

## איז אוועק צום קריג דער מלך

טעקסט: מ. קאנאפניצקא

איז אוועק צום קריג דער מלך,
בלאזן אלע שופרות פריילעך,
שופרות בלאזן, רוישן, ברומען,
אז ער זאל בשלום קומען.

איז געגאַנגען סטאַק זיך שלאָגן,
האָט דער טייך גענומען קלאָגן
און די זאַנגען שטיל זיי ציטערן
אויף זיין מזל אויף זיין ביטערן.

איבער שלאַכט־פעלד, אונטן, אויבן
פליען קוילן, מענטשן ליגן;
גלאָקן שלאָגן זיך ווי די לייבן,
בלאָטפעס פאַלן ווי די פליגן.

פאָנען רוישן, שאָסן קראַכן,
און די מחנות ציען ווייטער.
ס'האָט א קויל געטראָפן סטאַכן.
ס'קומט אַהיים דער מלך הייטער.

ווי געקומען איז דער מלך,
עפענען זיך די טויערן פריילעך,
די טראָמפּייטן רוישן, שאַלן
און די זון שיט מיט שטראַלן.

ווי מען האָט גענומען גראָבן
פאַר דעם סטאַך אַ גרוב, דאַן האָבן
שטיל געוויינט אין דעם פעלד די גראָזן
און אַ ווינט האָט צוגעבלאָזן.

## עפן, עפן, בראָנטשעלע

פאָלקסליד באַאַרבעט: ש. בערעזאָווסקי

ווער קלאַפּט דאָס אַזוי שפּעט ביינאַכט.
יאַנקעלע וואַלאַנטשיק,
עפן, עפן, בראָנטשעלע,
אוי, איך בין דיין קאָכאַנטשיק;
עפן, עפן, בראָנטשעלע,
אוי, איך בין דיין קאָכאַנטשיק;

ווי קאָן איך דיר דען עפענען,
כ'האָב מורא פאַר מיין מאַמען.
עפן, עפן, בראָנטשעלע,
איך וועל זיך גאָרנישט זאַמען;
עפן, עפן, בראָנטשעלע,
איך וועל זיך גאָרנישט זאַמען.

ווי קאָן איך דיר דען עפענען,
כ'האָב מורא פאַר מיין טאַטן.
עפן, עפן, בראָנטשעלע,
עס וועט דיר גאָרנישט שאַטן;
עפן, עפן, בראָנטשעלע,
עס וועט דיר גאָרנישט שאַטן;

ווי קאָן איך דיר דען עפּענען,
כ'האָב מורא פאר מיין שוועסטער.
עפן, עפן, בראַנטשעלע,
עס וועט זיין פאַר דיר בעסער;
עפן, עפן, בראַנטשעלע,
עס וועט זיין פאַר דיר בעסער;

ווי קאָן איך דיר דען עפּענען,
כ'האָב מורא פאר מיין ברודער
עפן, עפן, בראַנטשעלע,
אוי, מאַך נישט קיין גערודער;
עפן, עפן, בראַנטשעלע,
אוי, מאַך נישט קיין גערודער;

ווי קאָן איך דיר דען עפּענען,
כ'האָב מורא פאר מיין מומען.
עפן, עפן, בראַנטשעלע,
איך וועל שוין מער נישט קומען;
עפן, עפן, בראַנטשעלע,
איך וועל שוין מער נישט קומען;

## מיט אייער פּאַראָל

טעקסט: א. רייזמאַן    מוזיק: ב. לאַנער

פון א ברענענדיק הויז די פארבליבענע פאָן,
די שלאַכט־פאָן, וואָס איז נישט געוואָרן פארברענט
מיר האָבן מיט שטאָלצע, געהויבענע קעפּ
זי איבערגענומען אין אונדזערע הענט.

מיר שווערן אויף ליבן מיט אייער פּאראָל:
פאר אונדזער און אייער פרייהייט מיר וועלן
דעם שעפער פון געטאָס פון נייע דעם וועג
מיט הערצער פון שטאָל און פון אייזן פארשטעלן.

מיט איר קענן נעכטיקן שונא פון היינט
דערגייען מיר אייערע פארשניטענע טריט.
עס חלומט שוין ווידער פון געטאָס דער פיינט,
ער אָטעמט שוין ווידער מיט פייער און בלוט.

מיר שווערן אויף ליבן מיט אייער פּאראָל:
פאר אונדזער און אייער פרייהייט מיר וועלן
דעם שעפער פון געטאָס פון נייע דעם וועג
מיט הערצער פון שטאָל און פון אייזן פארשטעלן.

דעם לעצטן געראנגל מיר זעען נאָך פריש,
געשפיגן מיט בלוט אינעם פּנים פון טויט.
דער חלום נאָך פרייהייט, נאָך פרייד און נאָך גליק
אין אונדזערע הערצער גייט אויף שוין רויט.

מיר שווערן אויף ליבן מיט אייער פּאראָל:
פאר אונדזער און אייער פרייהייט מיר וועלן
דעם שעפער פון געטאָס פון נייע דעם וועג
מיט הערצער פון שטאָל און פון אייזן פארשטעלן.

## דאָס ליד פון אַרבעט-געוועט

טעקסט: מ. כאַשטשעוואַצקי    מוזיק: ש. בערעזאָווסקי

צוויי טויזנט ציגל דערלאַנג, צוויי טויזנט ציגל מיט הונדערט,
דריטהאלבן טויזנט פאראן, דריי טויזנט ציגל דערלאנג,
דריי טויזנט ציגל, דריי טויזנט ציגל, דריי טויזנט ציגל דערלאנג.

פון אין דער פרי און ביז שפעט
ציט אין דער נאַכט און ביז טאָג־ליכט
מונטערער ארבעט־געוועט, שווערער געוועט פון די שלאָגלער;
שווערער געוועט, שווערער געוועט, שווערער געוועט פון די שלאָגלער.

צוויי טויזנט ציגל דערלאנג, דריטהאלבן טויזנט איז מערער.
דריי טויזנט ציגל פאַראַן, אלע פון וואָגיקע שווערער.
מולערס מיט אונדז אין געוועט בינדן מיט צעמענט די ציגל,
ערשט ביי דער ערד געווען זענט איצט אזוי ווקסיק געשטיגן.
שווערער געוועט, שווערער געוועט, שווערער געוועט פון די שלאָגלער.

ס'וועלן די צעכן זיין גרויס, ליכטיקע צעכן, ווי יאַרן,
רוישן טאָג איין און טאָג אויס וועלן דאָרט הערצער מאָטאָרן
און אין דעם לאנד און דעם רויש און געבלענד דאָ אין צעזונגענע צעכן,
אונדזערע צעכן דער עכאָ וועט הילכן פון ציגל און ווענט.
צוויי טויזנט ציגל, דריי טויזנט ציגל פאַראַן.

## די פּאַרטיי

טעקסט: ד. ספאַרד    מוזיק: ש. בערעזאָווסקי

מיר האָבן צעריסן די קנעכטישע קייטן,
אין פרידלעכער אַרבעט מיר בויען דעם היינט.
מיט איין האנט א פריידיקן מאָרגן מיר גרייטן,
די צווייטע — אַ פויסט קעגן דראָענדן פיינט.

עס פירט די פּאַרטיי אונדז צום זיכערן זיג,
די פרייהייט געלערנט צו שיצן געטריי.
זאָל קיינער נישט וואָגן באַרויבן צוריק
די ליכטיקע פרייהייט, די ליכטיקע פרייהייט פאַריאָכן אויפסניי.

געאייניקט, ווי ברידער, מיר בויען צוזאמען
א לעבן פון פריינדשאפט, פון שפע, פון פרייד,
איין גרויסע משפחה פון מוטיקע שפאנען,
וואָס זענען פאר פרייהייט זיך מקריב זיין גרייט.

עס פירט די פּאַרטיי אונדז צום זיכערן זיג,
די פרייהייט געלערנט צו שיצן געטריי.
זאָל קיינער נישט וואָגן באַרויבן צוריק
די ליכטיקע פרייהייט, די ליכטיקע פרייהייט פאַריאָכן אויפסניי.

אויף אונדזערע פּאָנעען די ווירדע פון מענטש איז
געחתמעט אויף אייביק אין פלאַמיקן רויט.
איז ווער נאָר מיט אונדז גייט, פון לעבן געבענטשט איז
און ווער אונדז אַנטקעגן — פאַרמשפּט צום טויט.

עס פירט די פּאַרטיי אונדז צום זיכערן זיג,
די פרייהייט געלערנט צו שיצן געטריי.
זאָל קיינער נישט וואָגן באַרויבן צוריק
די ליכטיקע פרייהייט, די ליכטיקע פרייהייט פאַריאָכן אויפסניי.

## אַט אזוי

פאָלקסליד

אַט אזוי נייט א שניידער,
אַט אזוי שניידט ער צו;
אַט אזוי נייט א שניידער,
אַט אזוי שניידט ער צו.

אַז ער נייט, און נייט, און נייט א גאנצן טאָג;
אַז ער נייט, און נייט, און נייט אַ גאַנצן טאָג.

אַט אזוי נייט א שניידער,
אַט אזוי שניידט ער צו;
אַט אזוי נייט א שניידער,
אַט אזוי שניידט ער צו.

## אַ חתונה

פאָלקסליד
טעקסט: אי. פעפער

איבער שליאַכן פרייליכע אין ביראָבידזשאַן,
אוי איז מען אויף אַ חתונה א יידישע געגאַן,
און פון יעדן געסל און פון יעדער טיר
יענען מחותנימלעך געגאנגען אַן אַ שיר.

איי, איז דאָס אַ חתונה, א חתונה געווען,
די וועלט האָט אַזאַ חתונה נאָך קיינמאָל נישט געזען.
איי, איז דאָס אַ חתונה, אַ חתונה געווען,
די וועלט האָט אַזאַ חתונה נאָך קיינמאָל נישט געזען.

זאָג זשע, כלה, כלהניו, ווער איז דער חתן, ווער?
ס'קאָן די גאנצע געגנט אים און טרעפן איז ניט שווער.
איז וואָס האָסטו געגעבן פאַר דעם חתן, זאָג?
צוויי צעפּעלעך, צוויי גאָלדענע און אַלץ וואָס איך פאַרמאָג.

אוי, איז דאָס אַ חתונה, אַ חתונה געווען,
די וועלט האָט אַזאַ חתונה נאָך קיינמאָל נישט געזען.
אוי, איז דאָס אַ חתונה, אַ חתונה געווען,
די וועלט האָט אַזאַ חתונה נאָך קיינמאָל נישט געזען.

איז וואָס האָסטו באַקומען פון דיין חתן מאיר־בער,
צי אויערינגלעך, צי דימענטן, צי פינגערעלעך, דערקלער.
קיין דימענטן, אויערינגלעך — אַן איינציקן בריליאַנט,
אַ פריינד און סמאַכאַנאַוויעץ דעם בעסטן אין דעם קאַנט.

אוי, איז דאָס אַ חתונה, אַ חתונה געווען,
די וועלט האָט אַזאַ חתונה נאָך קיינמאָל נישט געזען.
אוי, איז דאָס אַ חתונה, אַ חתונה געווען,
די וועלט האָט אַזאַ חתונה נאָך קיינמאָל נישט געזען.

איז דרעמלט נישט, קלעזמאָרימלעך, זאָל שפּילן דער באַיאַן,
דאָס פּייקל זאָל פּייקל טאָן אויף גאַנץ בירא־בידזשאַן;
געדענקען זאָל די חתונה די קלעזמער און די פּאָר
און אויך די מחותנתטע ביז הונדערט צוואַנציק יאָר.

אוי, איז דאָס אַ חתונה, אַ חתונה געווען,
די וועלט האָט אַזאַ חתונה נאָך קיינמאָל נישט געזען.
אוי, איז דאָס אַ חתונה, אַ חתונה געווען,
די וועלט האָט אַזאַ חתונה נאָך קיינמאָל נישט געזען.

## דער מענטש בויט זיין היים

טעקסט: א. רייזמאַן — מוזיק: ז. גערשטענקאָרן

דער מענטש בויט זיין היים און דער פויגל זיין נעסט,
אַזוי גייט די אַרבעט, מיין קינד, ווי דו זעסט.
אַ היים אויפצובויען איז נישט אַזוי שווער,
עס ווענדט זיך פאַר וועמען מען בויט עס און ווער.

און ווייסטו, מיין קינד, אַז געווען איז אַ צייט;
פאַר מיר צום געדענקען, פאַר דיר אָבער ווייט,
אַז דער וואָס געבויט האָט פאַר יענעם דאָס הויז,
האָט שפּעטער פונווייטן געקוקט אויף דעם בלויז.

און דער וואָס געזייט אין פעלד האָט דאָס ברויט,
געבליבן אַליין איז אין שטענדיקער נויט.
נישט פריי איז געווען דער מענטש, ווי אַצינד,
דאָס איז קוים צום גלייבן, נישט אמת, מיין קינד;
נישט פריי איז געווען דער מענטש, ווי אַצינד,
דאָס איז קוים צום גלייבן, נישט אמת, מיין קינד.

## פאַר שלום און פרייהייט

טעקסט: ב. העלער מוזיק: ע. אַלעאַרטשיק

— אַ גוטע נאַכט, מיין קינד, א גוטע נאַכט! —
צי וועט די נאַכט דען ענדיקן זיך גוט?
צי וועלן היינט נישט ווערן אומגעבראַכט
צוויי מענטשן צוליב העלדישקייט און מוט?

— אַ גוטע נאַכט, מיין קינד, א גוטע נאַכט! —
איך האָב מיין האַנט צום בלאָנדן קאָפּ געשטרעקט
און וועגן קינדער יענע צוויי געטראַכט,
וואָס צאַפלען צווישן האָפענונג און שרעק.

— אַ גוטע נאַכט, מיין קינד, א גוטע נאַכט! —
איך טרוי דיך אָן דעם שטילן, זיסן שלאָף.
איך וויים, אין וואַשינגטאָן דער מאָנסטער וואַכט,
זיין האַרץ איז פינצטער ביז צום סאַמ׳ען סוף.

— אַ גוטע נאַכט, מיין קינד, א גוטע נאַכט! —
מיין גרויסע זאָרג איז דיר דערוויל פאַרוועַרט. —
איצט ראַנגלען זיך צוויי העלדן אין דער שלאַכט
פאַר שלום און פאַר פרייהייט אויף דער ערד.

## דער סאָוויעטישער מונדיר

טעקסט: ב. העלער מוזיק: ע. אַלעאַרטשיק

דו זעסט, מיין קינד, די גרויע פאַרב
פון דעם סאָוויעטישן מונדיר?
די פילסט ווי פאָטערלעך און צאַרט
ער ענטפערט אָפּ אויף דיין באַריר?
דאָס איז דאָס קלייד פון יענעם מאַן,
וואָס האָט פון אומקום דיך פאַרשטעלט
און פאַר דיין סאַמע ערשטן שפּאַן
געמאַכט אַן אָרט דאָ אויף דער וועלט.
דאָס איז דאָס קלייד פון יענעם מענטש,
וואָס האָט פאַרלאָזט זיין אייגן קינד,
און מיט זיין שטאָלץ דיין בלוט געבענטשט,
און מיט זיין לעבן — דיר געדינט.
באַהאַלט, מיין קינד, דאָרט דיין געזיכט,
באַרהיל זיך אין דעם גרוי געוואַנט
און זאַפּ אין אויגן איין דאָס ליכט
פון פעלקער־פריינדשאַפט און פאַרבאַנד.
דאָס טוך איז ריין און נישט פאַרפלעקט
פון טרערן און אומשולדיק בלוט —
אַ זעלנער האָט מיט אים פאַרדעקט
זיין חבר, ווען ער האָט גערוט,

א מידער, נאָך אַ שווערער שלאַכט.
און אפשר נישט קיין מידער, ניין —
די אויגן האָט ער צוגעמאַכט,
ווייל ס'האָט אַ קויל געשטערט אים גיין...
באַהאַלט דיין פּנים אין מונדיר —
דו וועסט דערזען דאן יענעם העלד,
וואָס האָט געשלאָגן זיך פאַר דיר
און פאַר דער פרייהייט אויף דער וועלט.

## אונדזער געזאַנג

טעקסט: ב. העלער — מוזיק: ע. אָלעאַרטשיק

די קראַפט פון דעם מענטשלעכן קול
באַקליידט פון דעם כישוף פון ניגון
איז שטאַרקער פון שטיין און פון שטאָל —
דער טויט וועט דאָס ליד נישט באַזיגן.

דאָס וואָרט ווערט באַהאַפטן מיט קלאנג
און ווערט, ווי דאָס לעבן, אומענדלעך.
ווי מעכטיק איז אונדזער געזאַנג,
וואָס מאַכט אַלע שפּראַכן פאַרשטענדלעך!

דער ריטעם די רייען פאַרבינדט
און הילכט אין די טריט פון מיליאָנען —
צום קאַמף גייט די מענטשהייט און זינגט
דאָס ליד פון די ליכטיקע פאַנען.

די טראָגט איבער גרענעץ און ים
דעם פאַקל פון ליבשאַפט און צאָרן,
פון וואָרט און פון ניגון דער פלאַם
וועט לייכטן אויף אייביקע יאָרן.

## דער פּאַלאַץ

טעקסט: מ. זאלצמאַן — מוזיק: ש. בערעזאָווסקי

דער פּאַלאַץ, וואָס בויט זיך אַצינד אין מיין שטאָט,
אָ, זע, וויפל ליכטער שוין איצט אין אים ברענט!
ער האַלט מיך אין קרייז פון זיין ליכטיקער ראָד,
ווי גערן געקושט כ'וואָלט דעם בויער די הענט.

דעם בויער מיט טויזנטער ברכות איך בענטש,
איך גיב אים מיין הארץ אָפּ מיט טרייקייט און דאנק.
זאָל פליצן זיין ליכט פאַרן פּשוטן מענטש,
די טרייקייט, די ליבע פון שיינעם געשאַנק.

די טויבן וואָס קרייזן ארום אין זיין ליכט,
זיי הייבן זיך אויף צו דעם טורעם פון גליק
און שעפּן זיך אָן פון זיין בלענדיק געזיכט
מיט בשורות פון פרידן און קומען צוריק.

דעם בויער מיט טויזנטער ברכות איך בענטש,
איך גיב אים מיין האריץ אָפּ מיט טרייקייט און דאנק.
זאָל פליִצן זיין ליכט פאַרן פּשוטן מענטש,
די טרייקייט, די ליבע פון שיינעם געשאַנק.

דער פּאַלאַץ, וואָס טורעמט זיך איבער מיין שטאָט,
עס הייבן ארויף אים די אייגענע הענט,
וואָס האָבן באַפרייט אונדז פון טויט, ווען געדראָט
ס׳האָט מענטשן און פעלקער צו ווערן פארלענדט.

דעם בויער מיט טויזנטער ברכות איך בענטש,
איך גיב אים מיין האריץ אָפּ מיט טרייקייט און דאנק.
זאָל פליִצן זיין ליכט פאַרן פּשוטן מענטש,
די טרייקייט, די ליבע פון שיינעם געשאַנק.

## חנהלע לערנט לשון־קודש

פאָלקס־ליד — מוזיק: ש. קלוטשקאָווסקי

בין איך מיר א לערערל און לערן לשון־קודש,
קומט צו מיר אַ חנהלע לערנען אויפן חודש.
אַ יעטוועדער פרימאָרגן זי קומט צו מיר צו לויפן,
לערן איך מיט חנהלען אויף אַ נייעם אופן:

ראש — פארטייטש איך חנהלען, גלעטנדיק איר קעפּל,
פרעגט זי וואָס תּפּוח מיינט — ווייז איך איר אַן עפּל.
און אַז עס קומט צו דעם שיר־השירים זאָגן,
דאַן הייבן אונדזערע הערצעלעך נאָך שטאַרקער אָן צו שלאָגן.

ב׳לערן אַלעס חנהלען, וויל קיין זאַך ניט היפּן.
קומט צו ישקני — קוש איך אירע ליפּן;
קומט צו תּחבקני — מאַך איך נישט קיין שהיות,
איך נעם ארום מיין חנהלען, אוי איז דאָס אַ חיות!

קומט זי אין פרימאָרגן, זאָגט זי צו מיר: שלום
און אַז זי גייט אַוועק, בלייב איך ווי אין חלום.
ס׳גייט אַוועק אַ וואָך, עס גייט אַוועק אַ חודש.
און די שיינע חנהלע קען שוין לשון־קודש.

## די יום־טובדיקע טעג

פאָלקס־ליד — מוזיק: ש. קלאָטשקאָווסקי

אַז די יום־טובדיקע טעג הייבן זיך אָן באַווייזן,
ווער איך ביי מיר אַ גדול.
איך לייג מיר אַוועק די שער און אייזן
און ווו כ'האָב ביי מיר נאָר אַ נאָדל.
אויפגעהערט נייען, אַרבעט זוכן,
האַרציקער טאַטע!
אַ ביסעלע וויין אום יום־טוב פאַרזוכן
איז בעסער ווי לייגן אַ לאַטע.

כאָטש אין דער מלחמה פאַרשטייט איך מיר ווייניק —
וואָס האָט מען דאָ צו שמועסן:
ווען איך זאָל זיין אַ גרויסער קעניג,
וואָלט איך פאַרבאָטן צו שיסן.
כ'וואָלט נישט דערלאָזט אַזוינע רציחות,
איך וואָלט געזאָגט אָן מורא:
אָנשטאָט זיך צו שלאָגן דיביידע מלוכות,
איז בעסער גיין צו אַ דין־תורה.

אַז די יום־טובדיקע טעג הייבן אָן פאַרגייען,
האַרצעדיקער טאַטע,
איז ווידער שניידן, איז ווידער נייען
און ווידער לייגן אַ לאַטע.
ווידער ציט זיך ס'אַלטע לעבן,
ס'נעמט ביים האַרצן רייסן.
אוי וויי, חנהלע, אוי, סערדצע לעבן,
צי האָסטו נישט וואָס צו פאַרבייסן.

## י ו ג נ ט - מ אַ ר ש

טעקסט און מוזיק: ד״ר י. מאַנדעלבוים

מיר זענען די יונגע, וואָס טראָגן די פאָן,
די פאָן פון דער פעלקער־באַפרייונג.
מיר גייען אַנטקעגן דעם טאָג, וואָס קומט אָן,
דעם טאָג פון דער פעלקער־באַפרייונג.

מיר גייען אין קאַמף קעגן שלעכטס, קעגן נויט
אין פעסטע געשלאָסענע רייען.
מיר זענען די יונגע, אונדז שרעקט נישט דער טויט,
מיר בויען אַ לעבן אַ נייעם.

מיר קעמפן פאַר אונדז און מיר קעמפן פאַר די,
וואָס ווילן אַכזאָל אונדז פאַרבייטן,
מיר ווילן נישט שפּאָרן קיין קראַפט און קיין מי
אין קאַמף פאַר די גליקלעכע צייטן.

מיר גייען אין קאמף קעגן שלעכטס, קעגן נויט
אין פעסטע געשלאָסענע רייען.
מיר זענען די יונגע, אונדז שרעקט נישט דער טויט,
גליַיך בויען א לעבן א נייעם.

די פרייהייט פון פעלקער מיט גרויסע גייט טריט,
מ'זעט שוין דעם העלן באַגינען.
דער קאַמף פאַרן שלום אויף יושר, וואָס בליט,
וועלן קעמפער אויף זיכער געווינען.

מיר גייען אין קאמף קעגן שלעכטס, קעגן נויט
אין פעסטע געשלאָסענע רייען.
מיר זענען די יונגע, אונדז שרעקט נישט דער טויט
גליַיך בויען א לעבן א נייעם.

## דריי טעכטערלעך

טעקסט און מוזיק: מ. געבירטיק באַאַרבעט: ש. בערעזאָווסקי

ווען מיט מזל, געזונט און לעבן
ס'עלטסטע טעכטערל מיר וועלן אויסגעבן,
וועל איך טאַנצן מיר האָפּ־האָפּ —
אַראָפּ אַן עול פון קאָפּ;
וועל איך טאַנצן, אוי, וועל איך טאַנצן!
אַראָפּ אַן עול פון קאָפּ.

שפּילט, קלעזמאָרים, אוי, שפּילט מיט לעבן,
ס'ערשטע טעכטערל היינט אויסגעגעבן.
גאָך געבליבן אונדז מיידלעך צוויי —
ווי האלט מען שוין ביי זיי!
ב י ס

ווען ס'זאָל זען שוין דאָס צווייטע מיידל
אָנגעטאָן אין וויַיסן חופּה־קליידל,
וועל איך טרינקען און פריילעך זיין —
אַראָפּ פון האַרץ אַ שטיין;
וועל איך טרינקען, אוי, וועל איך טרינקען!
אַראָפּ פון האַרץ אַ שטיין.

שפּילט, קלעזמאָרים, אוי הייבט אָן שניידן,
ס'צווייטע מיידל גיבן מיר אויס אין פריידן.
דאָס מיזיניקל נאָך האָבן מיר —
ווי האלט מען שוין ביי איר!
ב י ס

ווען ביים לעצטן כ'וועל שפּילן הערן,
וועל איך עפּעס טרויעריק שטיין און קלערן:
ס'לעצטע טעכטערל שוין אויך אוועק —
וואָס נאָך איז דאָ דער צוועק;
ס'לעצטע טעכטערל, אוי, ס'לעצטע טעכטערל,
וואָס נאָך איז דאָ דער צוועק?

שפילט, קלעזמאָרים, באַזעצט די כלה,
צוגעגומען אונדז די קינדער אַלע.
שווער געווען אונדז די טעכטער דריי,
אוי, שווערער נאָך אָן זיי;
שפילט, קלעזמאָרים, באַזעצט די כלה,
צוגענומען אונדז די קינדער אַלע.
שווער געווען אונדז די טעכטער דריי,
אוי, שווערער נאָך אָן זיי.

## די מעזינקע אויסגעגעבן

פאָלקס־ליד — באַאַרבעט: ש. בערעזאָווסקי

העכער, בעסער די ראָד, די ראָד מאכט גרעסער,
גרויס האָט מיך גאָט געמאכט,
גליק האָט ער מיר געבראַכט,
הוליעט, קינדער, אַ גאַנצע נאכט —
די מעזינקע אויסגעגעבן, די מעזינקע אויסגעגעבן.

מאָטל, שמעון, די אָרעמעלייט זענען געקומען,
שטעלט זיי דעם שענסטן טיש,
טייערע ווייגען, טייערע פיש.
אוי ווי, טאַכטער, גיב מיר א קוש —
די מעזינקע אויסגעגעבן, די מעזינקע אויסגעגעבן.

אייזיק מזיק, די באָבע גייט אַ קאזיק,
קיין עין־הרע, זעט נאַר, זעט,
ווי זי טופּעט, ווי זי טרעט.
אוי, אַ שמחה, אוי, אַ פרייד —
די מעזינקע אויסגעגעבן, די מעזינקע אויסגעגעבן.

איציק שפּיציק, וואָס שווייגסטו מיט דעם סמיטשיק!
אויף די קלעזמער טו אַ געשריי.
צו שפּילן זיי, שלאָפן זיי,
רייסט די סטרונעס אַלע אויף צוויי —
די מעזינקע אויסגעגעבן, די מעזינקע אויסגעגעבן.

## מיין האַרץ וויינט אין מיר

פאָלקס־ליד — באַאַרבעט: ז. נאָוואַצקי

מיין הארץ, מיין הארץ וויינט אין מיר,
אַז איך דארף זיך שיידן איצט מיט דיר.
מיינע געדאנקען אהין, אַהער,
מיט דיר צו שיידן איז מיר שווער;
מיינע געדאנקען אהין, אַהער,
צו שיידן איז מיר שווער.

